א. ביילין.



# בְּלוּט און טְרֶעהְרֶען

אָדֶער

## דָאס פֶּערְאוּמְגְלִיקְטֶע

# יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען.

פריי איבערזעצט פון ז. קאטליאר.



№ 5







אדעססא, תרס"ו.

בדפוס האחים בלעטניצקי

א. ביילין.





# בְּלוּט און טְרֶעהְרֶען

אָדֶער

## דָאס פֶּערְאוּמְגְלִיקְטֶע

# יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען.

פריי איבערזעצט פון ז. קאטליאר.



№ 5.

אדעססא, תרס"ו.

בדפוס האחים בלעטניצקי.

דרויסען איז אָסיען.

מ׳זעהט ניט קיין איין ליכטיגען שטראַל.

די זון האָט זיך בעהאַלטען.

דער הימעל איז בערעקט מיט בלייערנע וואָלקען׳ס, שווערע און דונקעלע.

שווערע — ווי אַ טיעפער קומער. . .

דונקעלע — אַזוי ווי דאָס לעבען אָהן האָפפנונג. . .

אַ קאַלטער ווינד שאָקעלט און טרייסעלט די בוימער און פון די פאַרוועלקטע בלעטער קאַפּען טראָפּענס טרעהרען. . .

די קיעוו׳ער גאַסען, וואָס רוישען אין זיי זענען שטענדיג פול מיט לעבען און בעוועגונג, די זעלבע גאַסען זענען איצט ליידעג און שטיל, מ׳זעהט קיין לעבעדיגען נפש ניט, ממש אַזוי ווי אָבגעשטאָרבען.

זעלטען נור קען מען בעמערקען דורך לויפען אַ פערוויקעלטע אַ געבויגענע פיגור, פערהילט אין אַ פאַלטאָ אָדער דאָס גלייכען וואַרימע קליידער.

די פיגור לויפט שנעל פאַרביי און ווערדט גיך אנטרינען.

פון איינער פון די גאָר זומפּפיגע גאַסען, אין דעם עק שטאָדט, איז אַרויס געקומען אַ יונגע פרוי זעהר לייכט געקליידעט און אין איהרע הענד האָט זי געטראָגען עפּעס אַ בינדעל אַ פּאַר וויקעלטס אין אַ אַלטען צוריסענעם וואָלענעם שאַל.

זי איז געגאַן גלייך און מיט קליינע טריט.

דער ווינד האָט געקרייזעלט און זיך געשפּיעלט מיט די האָר פון איהר צו באָרשטענעם קאָפּף.

ער האָט זיך אַרונטער געַגנב'ט אונטער איהר לײַכט, דין און צוריסען קלײדעל, וואָס ווערענדיג נאַס פון דעם רעגען האָט דאָס זיך צו געקלעבט צו איהר מאָגער בײנערינען לײַב. . .

זי האָט זיך אָבער, ווי ס'ווייזט אויס, גאָר ניט געמאַכט דערפון...

איהרע טיעפע אויגען, פון וועלכע ס'האָט אַרויס געקוקט אַ טיעפער און שווערער קומער, זיי זענען ווי פערפרוירען געוואָרען...

זי האָט גאָר ניט געזעהן און גאָר ניט געפיהלט. . .

דער גאָראָדאָוואָי מיט די גראָבע שנורבאַנט, וואָס ער איז גע-שטאַנען, אײנגעהילט אין זיין רעגען מאַנטעל, אויף דעם פאָסט — האָט זי אײן רגע בעגלײט מיט זײן אײַנדרינגענדען בליק און איהר נאָך געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ. . .

— היי, דו, באַבאַ! טרעט אָב אין דער זײט אַרײַן! — האָט געשריען אַ איזוואָזטשיק, וואָס ער איז נעבען איהר דורך געפאָהרען.

זי האָט אויף איהם אפילו קײַן קוק ניט געטהון און זי האָט זיך גאָר ניט צו געהערט צו זײן שרײַען.

* *

*

ס'איז געווען אַ צײַט, ווען א י י ן בליק פון די צוויי אויגען, וואָס זיי זענען איצט פערפרוירען, האָט געמאַכט אַ געוואַלדיגען אײַנ-דרוק. . . און א י י ן שמײכעלע אויף די ליפּען, וואָס זיי זענען איצט פערשמאַכט, פערטרוקענט, האָט זעהר פיעל געווירקט. . .

ס'זענען געווען יאָהרען, ווען דאָס האַרץ, וואָס ס'איז איצט צו קלאַפּט אויף שטיקלעך, איז געווען פול מיט גליק און לעבען'ס-פרייד...

ס'זענען געווען טאָג, ווען דער איצטיגער צובראָכענער שאַר-בען, די פערוואוגלטע נשמה, וואָס בלאָנזעט איצט אויף די קיִעווער גאַסען, האָט דערוועקט אין דעם האַרצען פון דעם וואָס ער האָט זי געזעהן ניט קײַן מיטלייד נור קנאָה. . .

און די צײַט, די יאָהרען און די טאָג זענען ערשט ניט לאַנג און ניט ווײַט. . .

ערשט פינף יאָהרען זענען פאָראיבער. . .

ערשט פינף יאָהרען זענען פאָראיבער געגאַן זייט די יונגע פרוי האָט חתונה געהאַט מיט טראַכטמאַנ׳ען, אַ צוואָנציג=יאָהריגער, שעהנער און געזונדער יונגער מאַן.

זי האָט איהם געליעבט מיט דעם גאַנצען ברען מיט דעם גאַנצען פייער פון איהר ווייך, עדעלען און גוט האַרץ, און מיט דעם גאַנצען הייסען געפיהל פון איהר לעבענדיגער זעלע. . .

זיי זענען געווען און זיי האָבען געלעבט גליקליך; און נאָך מעהר גליקליך זענען זיי געוואָרען, ווען ס׳איז ביי זיי געבוירען גע= וואָרען דאָס קינד. . .

אָוועגד=צייט, ווען דער מאַן איז געקומען צו זיך אַ היים, פון דעם געשעפט, וואו ער האָט געדינט, מיעד און פערמאַטערט — האָט ער אויפגעלעבט און זיך ערפרישט באַלד אַז אויף דער טהיר איז איהם אַ קעגען געגאַנגען זיין „טייבעלע" (אַזוי פלעגט ער רופען זיין פרוי) מיט דעם „פייגעלע" (אַזוי פלעגען זיי ביידע רופען דאָס קינד) אויף איהרע הענד.

ער האָט גאָר אין גאַנצען פערגעסען זיין מיעדקייט און זיין פערמאַטערטקייט בעת דאָס „פייגעלע" האָט צו איהם אויסגעשטרעקט די קליינע הענדעלעך און מיט די קליינעטשקע פוכקינקע פינגערלעך האָט עס איהם, דעם פאָטער, געגלעט און געקראַצט דאָס געזיכט, אָדער געפלאָנטערט און געריסען די האָר פונ׳ם קאָפּ.

דער יונגער פאָטער האָט מיט אַ ברענענדיגער ליעבע, מיט אַ האַרץ פול מיט גליק, געקישט די ווייכינקע הענדעלעך און געטש= מאָקעט די פוכקינקע פינגערלעך פון זיין גאָלדענעם, טייערען פייגעלע.

מלאָכים פון פריעדען און גליק האָבען שטענדיג געשוועבט אין דעם וואהנונג פון דעם געליבטען פאָר=פאָלג.

דאָ, אין דעם וואהנונג פון דעם יונגען פאָר=פאָלג, האָט זיך די ליעבע געפונען אַ זיכערע נייסט. . .

דאָ האָט דאָס גליק זיך געפונען אַ שטענדיגע וואהנונג. . .

*　*

*

מיט אַ רוהיג הארץ, פריי פון זאָרגען, האָט זיך טראַכטמאַן געזעגענד מיט זיין ליעב „טייבעלע“, זיין יונגע שעהנע פרוי.

מיט אַ רוהיג הארץ האָט ער געקישט זיין טייער „פייגעלע“, בעת ער איז געגאַנגען צום „פריזעוו“.

און פאַר וואָס זאָל ער טאַקי זיין אונרוהיג?

איבער וואָס זאָל ער טאַקי זאָרגען?

ער האָט זיך דאָך געשיידט פון זיינע ליעבע און טייהערע, „טייבעלע“ און „פייגעלע“, נור אויף עטליכע טאָג. . .

באלד, שפעטער מיט עטליכע טאָג, וועט ער דאָך קומען צוריק, צו זיין „טייבעלע“ און זיין „פייגעלע“. . .

ער איז דאָך א בן-יחיד, אַן איינאיינציגער ביי זיינע עלטערן...

ער איז אַ „פערוועע ליגאָטניק“. . .

איהם טאָר מען ניט און מ'קען ניט אָבגעבען פאַר אַ סאַלדאַט...

ער וועט נ ִ ט דיענען! . .

דער שיקזאַל אָבער האָט פון איהם ד'אָס מאָל געשפעט; מער=דעריש געשפעט. . . אָהן רחמנות אָהן בארמהערציגקייט. . .

מעהר פון האלב „פריזיוווניקעס“ האָבען זיך ניט „געיאַוועט“ צו דעם „פריזיוו“. . .

פיעל יודישע יונגע לייט זענען געשטאָרבען, און נאָך מעהר האָבען עמיגרירט. . .

מ'האָט די טויטע ווי אויך די לעבעדיגע, די עמיגראַנטען, ניט אויסגעמעקט פון די „כפיסקעס“. . .

די אַל'ע לעבעדיגע יונגע ל'ייט, וואָס האָבען זיך יאָ „געיאַוועט“ צום „פריזיוו“, האָבען בעדאַרפט פערפולען די אַלע ערטער, פון די טויטע און פון די עמיגראַנטען. . .

און טראַכטמאַנ'ען האָט מען „צו גענומען" און „אָבגעגעבען" פאַר אַ סאַלדאַט. . .

און דאָס טײַערע „פײגעלע" איז געבליבען אָהן אַ פאָטער און זײַן יונגע מוטער, דאָס ליבע „טײַבעלע", איז געבליבען אָהן איהר געליעבטען. . .

טראַכטמאַנ'ען האָט מען באַלד אַוועק געשיקט אין דער מלחמה, „אויף דעם ווײַטען מזרח". . .

און ער איז דאָרט, ווײַט פון זײַנע ליבע, דערשאָסען געוואָרען...

אַ טויט=קויל האָט איהם געטראָפען אין זײַן יונגען לעבעדיגען האַרצען.

און די אונגליקליכע „טײַבעלע" האָט בעקלאָגט און בעוויינט איהר ליעבען און טײַערען מאַן, וואָס ער איז דער'הרג'ט געוואָרען, און איהר גליקליך לעבען וואָס ס'איז צו שטערט און צו בראָכען געוואָרען. . .

אין אַ פינסטערען קעלער האָט זי געפונען אַ וואהנונג, פאַר זיך און פאַר איהר „פײגעלע". . .

און איהר פריהלינג איז פאָראיבער געגאַן. . .

איהר יוגענד איז אַוועק אויף אייביג. . .

און די רויזען זענען פערוועלקט געוואָרען — אַ טויט=בלאַסקייט האָט בעדעקט דאָס רויטקייט פון איהרע שענע באַקען. . .

און דער בלויער הימעל איז בעדעקט געוואָרען מיט שוואַרצע וואָלקען — איהרע אויגען האָבען געגאָסען מיט טרערען אָהן אויפהער...

נור דאָס „פײגעלע" האָט נאָך ניט געוואוסט פון זײַן אונגליק...

אַ שטיק צײַט האָט דאָס פײגעלע נאָך געקוקט אַרום און אַרום זיך, מיט בלאָנזענדיגע אויגעלעך, און געזוכט זײַן פאָטער. . .

מיט דער צײַט אָבער האָט דאָס „פײגעלע" פאַר געסען אין זײַן פאָטער. . .

און דעֶר שרעֶקליכעֶר און מוראָ'דיגעֶר דלות איז געֶוואָרעֶן אַלץ נאָהעֶנטעֶר און נאָהעֶנטעֶר. . . וויסט איז עֶר געֶוועֶן אַזוי ווי דעֶר טויט, און פינסטעֶר ווי דעֶר קבר! . .

און אויס בעֶהאַלטעֶן זיך פון איהם איז געֶוועֶן אונמעֶגליך. . .

* *

*

זי האָט אָנגעֶהויבעֶן זוכעֶן אַ מקור פון וואָס צו ציעֶהן איהר לעֶבעֶנס מיטעֶל, צו פֿעֶרדיענעֶן אויף אַ שטיקעֶל ברויט. . .

די עֶרשטעֶ צייַט האָט זי געֶהאַנדעֶלט מיט בלומעֶן און רויזעֶן.

נאַכהעֶר האָט זי געֶהאַנדעֶלט מיט אַלטעֶ געֶטראָגעֶנעֶ קלייַדעֶר און שמאַטעֶס. . .

און ס'זעֶנעֶן אָנגעֶקומעֶן ביטעֶרעֶ און שווערעֶ טאָג. . .

ס'זעֶנעֶן פֿאָר געֶקומעֶן מינוטעֶן, ווען דעֶר שרעֶקליכעֶר געֶדאַנק: זי זאָל עֶנדיגעֶן מיט איהר פאַר שאָלטעֶן לעֶבעֶן... האָט זי זעהר געֶצווינגעֶן. . .

זי האָט זיך אָבעֶר געֶשטאַרקט, מיט אַלעֶ מעֶגליכקייטעֶן, אַרויס צו שלאָגעֶן דעֶם געֶדאַנק פון איהר קאָפּ, בעת זי האָט אַ בליק געֶטהון אויף דעֶר רייַנעֶר נשמה, אויף איהר אייַנציגעֶן קינד, דעֶר אייַנציגעֶר נשאָר פון די פריהעֶריגעֶ גוטעֶ יאָהרעֶן. . .

— „ניין! — האָט זי צו זיך געֶרעֶדט — צו ליעב דעֶם „פייגעֶלעֶ" דאַרף איך און מוז לעֶבעֶן!"

לעֶבעֶן? ניין, לייַדעֶן! . .

זי האָט בייַ זיך בעֶשטימט אַז איהר לעֶבעֶן איז שוין טאַק: פאַר פאַלעֶן געֶגאַן, אָהן זיסעֶ האָפֿעֶנונגעֶן און אָהן הייסעֶר ברעֶנעֶנ־דיגעֶר ליעבעֶ. . .

זי האָט שוין בײַ זיך ענטשלאָסען אַז זי איז טאַקי אַ אײַ־בּיגע אונגליקליכע. . .

ס'איז אָבער דאָך נאָך געבליבען איין ציעל. . . ס'איז נאָך פאַראַן איין ליכטיגער שטראַל, אײַן בלישטשענדיגער פינק — איהר אײנציג קינד.

און זי האָט דאַריבער געפּועל'ט בײַ זיך — לײַדען. . .

און זי האָט טאַקע געליטען. . .

* *
*

אײנמאָל בײַ דער נאַכט, בעת זי איז געקומען אַהיים, האָט זי געטראָפען דעם נאַרזיראַטעל, פונ'ם אָקאָלאָדאָק, וואָס ער האָט אויף איהר געוואַרט.

ער האָט פון איהר געפאָדערט זי זאָל איהם ווײַזען איהר „וואָהנרעכט"—אין קיעוו...

בלאָס און פערטימעלט איז זי געוואָרען און איז אַזוי אָבגע־שטאַנען עטליכע מינוט.

זי האָט אָנגעהויבען אויס דערצעהלען דעם נאַרזיראַטעל און אויס גיסען פאַר איהם איהר ביטער האַרץ. . .

זי האָט איהם דערצעהלט וויא אַזוי זי איז אונגליקליך. . . אַז איהר מאַן איז דער'הרג'ט געוואָרען אין דער מלחמה. . . אַז זי איז איצט אַ אָרימע אַלמנה. . . אַז איהר לעבען איז שוין אויף אײביג פערלוירען. . .

דער נאַרזיראַטעל האָט אַלץ אויס געהערט מיט אונגעדולד. . . און אונוועלענדיג. . .

און אַז זי האָט געענדעגט איהר דערצעהלען, האָט ער זיך אויפגעהויבען פונ'ם אָרט, וואָס ער איז געזעסען, און ער האָט איהר קאַלטבלוטיג געזאָגט: אַז דאָס אַלץ, וואָס זי האָט איהם אויס דער־צעהלט געהער זיך מיט איהם גאָר ניט אָן. . . און אַז במשך פון איין וואָך דאַרף זי אַרויס פאָהרען פון קיעוו. . .

וואָהין וועט זי אַרויס פאָהרען? וואָהין וועט זי געהן און וואָהין וועט זי זיך וואַנדערן?...

אין איהר געבורטס־שטאָדט?

זי איז דאָך אָבער דאָ אין קיעוו געבוירען געוואָרען!

איהר פאָטער און אַזוי אויך איהר מאַן האָבען געהאַט דאָס רעכט דאָ צו וואהנען...

וואָהין וועט זי זיך וואַנדערן מיט איהר קליין „פייגעלע", איינע אַליין, אַ עלענדע און אָהן אַ שום שטיצע?...

זי איז געזעסען פערטראַכט, פערטיעפט אין געדאַנקען, און האָט זיך קיין ריהר ניט געטהון.

דאָס פערריכטערטע לעמפּעל האָט בעלייכטעט איהר וואהנונג מיט אַ זעהר דונקעלער שיין...

דער פלאַם האָט געציטערט פאַר דעם ווינד, וואָס ער האָט אַריין געבלאָזען דורך דער צובראָכענער שויב פון דעם איינציגען פענ־סטער אין איהר וואהנונג...

שוואַרצע שטן'ס האָבען אַרום געטאַנצט אויף די ליידיגע ווענד, אויף דעם וויעגעלע, וואו דאָס קינד איז געשלאָפען און אויף איהר בלאַס געזיכט...

אַ שווערע שרעקליכע שטילקייט האָט בעהערשט דאָס צימער, און ס'האָט זיך געהערט נור דאָס וואָיען פון דעם ווינד אין דרויסען; ער ווייִנט מיט איהר צו זאַמען אויף איהר ביטער לעבען, און דאָס קלאַפּען פון די טראָפּפען רעגען, וואָס האָבען מיט טרערען געקאַפּעט פּאַמעלעך, נאַכלעסיג, אויף דעם דאַך און אויף דיא שויבען...

און פלוצלונג...

אַ פורכטבאַרע שטימע, אַזוי ווי דאָס גערויש פון אַ דונער, האָט זיך געלאָזט הערען אין דער שטילקייט פונ'ם קעלער, און די שטימע האָט איהר אַ טיעפען שניט געמאַכט אין איהר האַרץ.

איהרע פוס זענען אַזוי ווי מיט איין מאָל אונטער געהאַקט געוואָרען, און זי האָט אויף זיי ניט געקענט אַנשטעהן, און אַ שרעקליך געשריי האָט זיך אַרויס געריסען פון איהר פערביטערט האַרץ.

זי האָט אַ הוסט דערהערט. . .

און דער הוסט איז געווען זאָנדערבאַר און משונה. . .

זי האָט ניט געוואָלט גלויבען אַז דער הוסט האָט זיך אַרויס געריסען פון דעם קינד'ס האַלזעלע. . .

„וואָס איז דיר אַזוינס מיין קינד"? — האָט די אונגליקליכע אויסגעשריען מיט שרעק און זי האָט דאָס קינד באַלד געחאַפּט אויף איהרע הענד.

דאָס קינד האָט אָבער אויף איהר קיין בליק ניט געטהון. . . זיין גאַנצער קאָרפּער איז געווען פייכט פון שוויים...

„וואָס איז דיר נשמה מיינע, מיין טייערער, מיין ענגעל, מיין איינציגע האָפענונג"? — האָט די אונגליקליכע מוטער געשריען, גע־בראָכען די הענד און געציטערט פון שרעק. . .

זי האָט באַלד גערופען אַ דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט מיט זיינע פינגער געקלאַפּט אויף דעם קינד'ס הערצעלע, איהם אַריין געקוקט אין האַלז אַריין. . .

אומזיסט האָט זיך די אונגליקליכע מוטער בעמיהט צו לעזען אויף די שטריכען פון דעם דאָקטאָר'ס געזיכט עט וואָס איבער דער לאַגע פון איהר קראַנק קינד. . . די שטריכען פונ'ם דאָקטאָר'ס גע־זיכט האָבען איהר גאָר ניט געזאָגט. . .

ער האָט „פערשריבען אַ רעצעפּט" און איז זיך אַוועק געגאַנגען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די אונגליקליכע איז גאַנצענע טאָג מיט גאַנצע נאַכט געזעסען נעבען דעם קראַנקען „פייגעלעס" בעטעל און האָט זיך געשאָקעלט אַזוי ווי אַ פערווירטע.

ס'איז אַריבער איין טאָג, צוויי טאָג, ס'איז שוין אויך פאָראיבער געגאַן דער דריטער טאָג. . .

און די אונגליקליכע מוטער האָט קיין מידקייט ניט געפיהלט...

זי האָט אויף קיין איין רגע ניט אָבגעטרעטען פון דעם קראַנ־קענס בעטעל.

זי האָט שוין געזעהן אַז איהר קינד'ס לעבען איז אין אַ גרויסער סכנה. . .

האָט געפֿיהלט אַז איהר איינציגע האָפֿענונג, דאָס טייערע „פייגעלע״, ווערדט אַנטרינען. . . אַז איהר איינציגע טרייסט דערוויי־טערט זיך פון איהר און ווערדט פערלוירען. . .

זי האָט געפֿיהלט אַז איהר לעבען בעהענגט אין דעם יונגען נשמה׳לע. . . אַז מיט דעם ענדיגען זיך פון דעם קינד׳ס לעבען, ענ־דעגט זיך אויך איהר לעבען. . . אַז מיט דעם אָבשטארבען פון איהר הערצליכען ליעבלינג וועט איהר לעבען קיין לעבען ניט זיין, און איהר לעבען וועט דאַן זיין ביטערער פֿון׳ם טויט. . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דעם זעכסטען טאָג איז צו איהר אַריין געקומען דער דוואָרניק, פער׳שכור׳ט, און ער האָט איהר שטרייננ געהייסען זי זאָל זיך מאָר־גען אין דער פריה אַרויס ציהען פון איהר וואהנונג, ווייל אַזוי פאָ־דערט די פאָליציי. . . און אויב זי וועט ניט פאָלגען, האָט דער שכור׳ער דוואָרניק זי געסטראַשעט, וועט ער זי מיט אַלע איהרע „בעבעכעס״ אַרויס וואַרפען, מיט גוואַלד, פון דער שטוב אויף דער גאַס...

— „פֿאָהר קיין בערדיטשוב, אַז די האָסט ניט דאָס רעכט איה צו וואהנען, די „פראַקליאַטע זשידאָווקע״! — האָט דער דוואָרניק אויף איהר געשריען און געשפעט. . .

„גאָט מיינער! — האָט דיא אונגליקליכע פערצווייפעלט געש־ריען — וואָס טהוט מען? וואָהין זאָל איך מיך שלעפען מיט אַ קראַנק קינד, ער וועט דאָך שטאַרבען אויפ׳ן וועג.

זי איז אַרום געלאָפען אין איהר צימער הין און צוריק אַזוי ווי אַ געפאַנגענער פויגעל און זיין שטייגעל. . .

מיט ביידע הענד האָט זי זיך געכאַפט פאַר׳ן קאָפף. . . די טרערען האָבען זי געוואָרגען. . .

„ניין, — האָט זי פלוצלינג אויס געשריען — איך וועל מיך פֿון דאַנען ניט ריהרען מיט מיין קראַנק קינד, ביז עס וועט צוריק ניט געזונד ווערען״. . .

„איך וועל מיך ניט ריהרען פון דאַנען, איך זאָל אַפילו שטאַרבען!...״

און אַ שרעקליכער מורא׳דיגער געדאַנק איז איהר אַריין אין קאָפף אַ־יין. . .

אַזאַ געדאַנק, וואָס ער האָט געוואָרפען אין קעלט איהר גאַנ־צען אונגליקליכען קאָרפּער. . .

זי איז צו צו דעם קראַנקען׳ס בעטעל און האָט אויף איהם אריבער געבויגען איהר קאָפּף.

„מיין קינד — האָט זי מיט אַ דער שטיקטער שטימע און מיט טרערען אין די אויגען געשריען — מיין איין אויג אין קאָפּף. . . זאָלסט מיך ניט בעשולדיגען. . . נור צו ליעב דיר מיין טייערער. . . צו ליעב דיר האָב איך בעשטימט. . . איך בין און וועל בלייבען אַ ריינע. . . זעהר שווער. . . איך האָב אָבער קיין אַנדער מיטעל ניט... דיין לעבען פאָדערט דאָס פון מיר. . . דיין לעבען איז מיין לעבען...

און פּלוצלינג האָט זי זיך אויפגעהויבען און אַזוי ווי פון אַ טיעפען שלאָף ערוואַכט. . .

איהר בליק האָט זיך בעגעגענט מיט איהר מאַן׳ס פאָטאָגראַ־פישע בילד, וואָס ס׳איז געהאַנגען אויף דער וואַנד. . .

צוויי שוואַרצע רוהיגע אויגען האָבען אויף איהר געקוקט. . .

זי האָט מיט איין מאָל אויס געשטרעקט איהרע ביידע הענד צו דעם בילד, גלייך ווי זי וואָלט בעטען פערצייהונג. . .

און זי איז באַלד אַרויס גיך פון דער שטוב. . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אָבענדס איז זי געקומען צוריק אַ היים. . .

איהרע אויגען זענען געווען רויטע און טריקענע. . .

רויטע פלעקען האָבען בעדעקט איהרע בלאַסע באַקען. . .

און אין דער האַנד האָט זי געהאַלטען:

אַ געלבען בילעט פון פּראָסטיטוטקעס. . .

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

דאָס קינד האָט בעקומען די קאָנוולסיאָן, דאָס קליינע מאָגערע קאָרפּערעל האָט געציטערט, געפלאַטערט, דאָס אָטהמען איז איהם שווער געוואָרען. . . די ברוסט האָט זיך געהויבען, און דער דופּק האָט געציטערט, געציטערט. . .

דער טויט איז שוין געוואָרען גאָר נאָהענט, ער האָט דאָ, אין דעם פינסטערען קעלער, אַרום געשוועבט. . . דאָס גערוייש פון זיינע שוואַרצע פליגעל האָט זיך שוין געהערט אין דעם טיעפען שטילקייט..

די אונגליקליכע האָט שוין אַרץ פערשטאַנען.

זי האָט געפיהלט אַז איהר אייניציגע האָפענונג, איהר „פייגעלע“, וועט שטאַרבען, זי גוסס'ט שוין און אָט באַלד וועט זי געהן לאיבוד...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַ טיעפער תהום האָט זיך אונטער איהר געעפענט. . .

אַרום און אַרום איהר איז שטאָק פינסטער. . . ניטאָ אַפילו קיין איין ליכטיגער שטראַל. . . זי פאַלט און פאַלט. . . אָהן אַ שום האָפענונג אַז זי זאָל פון דעם פינסטערען תהום אַרויס. . .

איהרע בלאַסע ליפען האָבען געציטערט. . .

און אַ שרעקליכע קללה האָט זיך אַרויס געריסען פון איהר פערביטערט און צובראָכען האַרץ. . .

און אויף דער פייכטער פאָרלאָגע האָט זיך געוואַלגערט, נעבען איהרע פּוס —

דער געלבער בּליעט. ; .

- - - - - - - - - - - - - - - - - - -

- - - - - - - - - - - - - - - - - - -

דאָס קינד איז געשטאָרבען. . .

* *

*

אַ לאַנגע צייט נאָך האָט זי געבלאָנזעט אויף די קיעווער גאַסען אָהן אַ שום צוועק. . .

און דער רעגען האָט געגאָסען אָהן אויפהער.

אָבגעריסינע שטיקער וואָלקען האָבען, אָהן אונפאַנג און אָהן ענדע, געשווימען אינטער דעם פינסטערען הימעל.

זי האָט זיך פּלוצלינג אָבגעשטעלט נעבען אַ פּראַכט שענער געבּיידע, נעבען טהעאַטער.

ניט קוקענדיג דארויף וואס דרויסען האט געגאסען א שטארקער רעגען, זענען דארט דאך געשטאנען פיעל קארעטען און דראזשקעס, א לאנגע רייהע האט זיך געצויגען נעבען דעם איינגאנג.

דעם אבענד האט מען אינ׳ם טהעאטער געשטעלט די טראגעדיע „Коварство и Любовь“ פון שילער.

דא זענען זיך צוזאמען געקומען רייכע דאמען און שענע פריי־לינ׳ען, עלעגאנט געקליידעטע, אין זייד און אין קרוזשעווע.

זי איז אריין אין דעם קארידאר (פארזאל). . .

די טראפען רעגען האבען אראבגעקאפעט פון איהר נאס אויס־געווייקטע קליידער אויף דעם ריינעם פארקעט.

דער גאראראוואי איז צו איהר באלד צו:

— געה ארויס פון דאנען! וואס האסטו דא צו טהון? פשאל-וואן!״ — האט אויף איהר דער גאראדאוואי אנגעשריען.

— וואס איך האב דא צו טהון, פרייגסטו? איך בין א אקטעריסע! איינעגע האבען אויף איהר געקוקט מיט ערשטוינונג.

— יא, יא! איך בין א אקטעריסע! חא־חא־חא! דא זענען זיך די הערען און די דאמען צו זאמען געקומען זעהן א סצענע. . . צו רייצען די נערווען. . . זיי ווילען ווייגען! חא־חא־חא! אין אייער גע־וואהנליכען לעבען זענען דאך ניט פאראן קיינע טראגעדיעס. . . אומעטום א פולער, פעטער און זאטער טיש, זייד און קרוזשעווע, רוי־זען און בלומען, גליק און ליעבע, און נור פון דער טהעאטער־ביהנע קענט איהר זעהן טראגעדיעס. . . בילדער פון דער וויטער פער־גאנגענהייט. . . חא־חא־חא! איך וועל זיי פארשטעלען א שרעקליכע טראגעדיע. . . זיי וועלען גענוג פארגעניגען האבען. . . חא-חא-חא!

— „ארויס פון דאנען!״ — האט דער גאראדאוואי אויס גע־שריען שוין מיט כעס, נאך דעם אז ער האט זי שוין א שטויס געטהון.

— ניין, די ווערסט מיך פון דאנען ניט ארויס טרייבען! איך וועל ניט געהן! איך האב דאס רעכט דא צו וואהנען. . . זעה! חא־חא־חא!

זי האט ארויס גענומען און געוויזען דעם געלבען בילעט...

— פי! — האט אויס געשריען איינע פון די „ניעזשנע״ (צערטליכע) דאמען — טרייבט ארויס פון דאנען אט די זינדיגע״.

— אַ זינדרעגגעֶ ? ! חאַ־חאַ־חאַ !

איהרע אויגען האָבען זיך צו ברענט, . . איהר ברוסט האָט זיך גיך אויפגעהויבען, איהר אָטהמען איז געווען זעהר שווער. . .

— אַ זינדרעגגעֶ ? ! קוקט אַ הער „ניעזשנע”, צערטליכע, שולד־לאָזיגע און ריינע נשמה. . . חאַ־חאַ־חאַ !

זי האָט פון איהר בינדעל אַרונטער גענומען דעם אַלטען, צו־ריסענעם וואָלענעם שאַל. . .

ס'איז געוואָרען אַ טומעל. . . ס'האָט זיך געהערט אַ געשריי :

— וואַסער ! דערלאַנגט וואַסער ! ! !

אַ טויטע שטילקייט האָט אַ אויגענבליק געהערשט אומעטום.

אויף דעם פּאַרקעט איז געלעגען אַ ט ו י ט ק י נ ד. . .

און זי איז געשטאַנען און געלאַכט !. . .

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

זיא האָט אויך געלאַכט בעת דער גאָראָדאָוואָי האָט זיא געשלעפּט . . .

—חאַ־חאַ־חאַ !

ער האָט זי אַ שטויס און אַ וואָרף געטהון און זי האָט אַלץ געלאַכט—

—חאַ־חאַ־חאַ!

אין איין האַנד האָט זי געטראָגען איהר טויט קינד און אין דער צווייטער האַנד ד ע ם ג ע ל ב ע ן ביליעט און זי האָט געלאַכט און ניט אויפגעהערט צו לאַכען.

חאַ־חאַ־חאַ ! . . חאַ־חאַ־חאַ ! . . חאַ־חאַ־חאַ ! . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

* *

*



# עס איז ארויס פון דרוק:

1) שטיינער שרייהען . . . . . . . . פרייז 5 קאפ׳.
2) א סגולה געגען פאגראמען . . . . . ″ 5 ″
3) אבריעף פון א סטודענט פון דער אמת׳ר וועלט ″ 5 ″
4) דער בלוטיגער פאגראם אין אדעססא . ″ 5 ″
5) ר׳ גמליאל קומט פון דער מלחמה . . ″ 5 ″
6) לא תרצח! אדער דער שאפאט. . . . . ″ 5 ″
7) די קרבנות פיר אידעאלען . . . . . . ″ 5 ″
8) שלשים. 30-טער טרויער-טאג פון די פאגראמען ″ 10 ″
9) בלוט און טרעהרען . . . . . . . . . ″ 5 ″
10) נאכ׳ן גרויסען אומגליק . . . . . . . . ″ 5




СКЛАДЪ ИЗДАНІЯ:

Книжный магазинъ Бр, Блетницкихъ